נעאַרבייט האָב איך פֿאַר זעקס ביי טאָג און נאַכט און ס'איז מיר נים אפילו נעקומען אויפֿ'ן זינן מעהר פֿון טבעיות..."

„מיינט איהר אַז איך האב ניט ליעב מעהר צו חקר'נען, פֿערקעהרט, אבער מיט זיך אַליין. די ספרים, דאָס ביסעל וואָס איך האָב ליענען ביי מיר ערגיץ און ווערען פֿערפֿוילט און מיט די אחרימיוועד בהמות געהען רעדען, בין איך גאָר קיין בעל'ן ניט, אבער פֿערשטעהען פֿערשטעה איך דעם מענשען און דעם תכלית... בעסער איז ווען אַז מ'מאַכט צו די אויגען און מ'קלעהרט גאָר ניט. — פֿערקעהרט, וואס איז אַלעס? זעהט איהר, אָט דא אין האַרצען האב איך מיר אַ פֿאָר ווערטער אויפגעשריעבען... דאָס זאג איך אבער קיינעם ניט אוים, ביז איך וועל ניט שטאַרבען. אז איהר וועט קומען אין מיינע יאָהרען, וועט איהר אַליץ פֿערשטעהען, איך קען אייך אין וואָס איהר לאָזט אייך ניט נאַרען, השגחה! מ'זאָגט, אַז גאָט איז גערעכט, אָ מ'זאגט"..!

„האָב איך אויסגעהאָדעוועט פֿיער בנים איינער גרעסער פֿונ'ם אַנדערען און האב זיי אַלע חתונה געמאַכט און זיי האבען אלע ווייבער מיט קינדער, און האָבען מיר פֿריהער כלומר'שט געהאָלפֿען און אַצינד סוחר'נען זיי אַליין. ווען ניט איך, דער פֿאָטער, וואָלטען זיי אַלע געמענט שיין אָנשפּארען. פֿון מיין טבע האט קיינער ניט אַ פיצעל, וויל איך פערקויפען די שטיב, (וואָרום איך קען ניט מעהר האָראווען און אַז ס'קומט ווינטער לייד איך אויף די פֿיס. ניט איינמאָל האָבען זיי מיר אָבגעפֿרוירען און האבען גענוג גדיענט), — לאָזען זיי מיך ניט, די פֿיער קדשים מיינע, און ווילען מיך שלאָגען. יאָ מיט פערציג יאָהר וואָלטען זיי געמענט מיט מיר אנהייבען. נאָך היינט בין איך קיינעם ניט מקנא, אַז איך בין איהם מכבד מיט אַ פאַטש און ס'רינט דאס בלוט ביז איבער'ן מויל און אויף די צייהן. אבער זיך געהען מיט זיי שלאָגען, זשאַליוועט מען דאס ביסעל כוחות".

„כבוד אב, שענק איך אייך. משה רבינו'ס חומש'ל איז היינט ניט קיין גרויסער פריץ, און אַז מ'איז ניט מעביר די סדרה, געהט מען ניט אויף דריי חדשים אין טורמע אריין. איך וועל זיך ניט געהן מאַכען נאַריש און זאגען: פֿע! אויפֿהייבען די האנד קעגען אַ פֿאָטער! האָט אייך צעהן מאל א שווארץ יאָהר, אָבער לאזט מיך פערקויפֿען די שטוב! פֿערקעהרט, איך גיב אייך אַליין צו פֿיפֿציגער, פֿערזוכט אַ שטיקעל ירושה ביי מיין לעבען, אבער לאָזט מיך טהון מיינס.

„וואָס'זשע וויל איך אייך בעטען? שיקט אריבער צו זיי און טהוט מיט זיי אַ רעד. רופֿט דעם דריטען מיינעם, בנימין, ער איז זייער אַלעמענס קאָפּ, און צווישען אונז רעדענ'דיג, שכל האט ער פֿאר אַלע פֿיער, און אָט דעם גיעב איך פֿינף און אכציג קאַרבען... שיקט נאָך איהם רב יוסל, אַוודאי איז אַייער פֿאָטער דער רב אין שטאָדט אין ס'איז זיין זאַך, אבער פאר אייך וועלען זיי האָבען דרך־ארץ".

---

V.

אהן א שדכן. — „זעהט איהר רב יוס'ל, איך בין אַ יוד אָהן חכמות און אַז דאָס מזל איז ניט אַזוי גוט, ווישט מען אָב די ליפּען און מ'געהט ווייטער. וואָס איז דער מענש היינטיגע צייטען? ס'איז אפילו ניט ווערט, אַז די ערד טראָגט איהם. גאָט האָט אונז אַלע געשטראָפֿט, ווייל מיר יודען זענען אַ עם לא היה. ביי זיך אין דערהיים זיצט איטליכער אויבענאָן און האָט ניט אַ זעכסער פֿון א מטבע און די וועלט איז אַ פֿערקעהרטע און ס'גליסט זיך נאָך געהן מיט'ן קאָפּ אַראפּ. — די ווייבער זענען אנאַנדער מין מכשפ'ת. געהן אָנגעטהון אין ווייסע קאַפּטליך און דעם ערשטען זומער נאָך דער חתונה איז מען קוציניו מוציניו און דערנאך ציהען זיי דיר ארויס דעם מאַרך פון די ביינער. איז איהר טאטע א בעל מלאכה, ווי די ערשטע מיינע, ביזט דו אין איהרע אויגען דער ריינער סמ"ך מ"ם. איז זי חס וחלילה נאָר פון אַ בעל־בתי'שער שטוב און זי האָט געזעהען ביי איהרען פֿאָטער אמאָל א זילבערנעם לעפֿעל, ביזט דו מיט דיין לעבען ניט מעהר זיכער און צעהן מאָל אין טאָג וועלען זיי דיר אויסרעכנען, אז עס איז געוועזען פֿאר זיי דאָס גרעסטע אומגליק, אז זיי האָבען דיך

גענומען, און אז זיי וואָלטען דיך ניט געוועזען גענומען, וואָלטען זיי געקענט נעמען א מאַן מיט פרנסה, און א זיידען טיכל אויך, און וואָלינע מייטקעס אויך. איך פרעג אייך אַליין, וואס זאל איך טהון, וואָס זאָל איך, נחמן רבקה'ס שהון. א יוד פון פֿערציג יאָהר און חיונה, מיט דריי קנייטשען און זיעבען לעכער און אַ זוהן און צוויי טעכטער קיין עין הרע, מילא ער איז א פראסטער יונג, דער מאמעס זוהן מיט די ביינער אבער זיי מיידליך, דערוואקסיינע מיידליך. פֿרעג איך, צו זיי זענען שיין? אַוודאי זענען זיי שיין, און אפֿילו אז מ'איז ניט שיין, אַז מ'צוואָגט זיך אוים און מ'טהוט אָן אַ ריינע קלייד און מ'האט צו געבען דען פֿיפֿציגער נדן במזומן, קען מען שוין אַ חתן געפעלען. אָבער אַ דאָ איז די קשיא, פון וואַנען נעמט מען אָט אָ דעם פֿיפֿציגער? אין הלבשה איז ניט דא קיין גבול, אזא עושר, ווי איך בין, צוויי שאַפֿעס, שטעהען ביי מיר און אַלעביידע זענען זיי ליידיג, אַ חוץ שמאַטקעליך נאָך פֿון דער חתונה צייט, וואָס איז ניט ווערט אַ דרייער".

„דעמאלט האָב איך נאָך געהאַט אביסעל צוגעקנעלט. עפּיס האָבען מיר אָנגערעדט די לייט אין שטאָדט, אז איך בין אַ בריה אויף פסוק. די גאנצע וואָך האָב איך געהאַקט האָליץ מיט די גוים און אַז ס'איז געקומען צום צאָהלען, האבען די פֿאָטערס געזאָגט: וואס? פאַר פסוק מוז מען אייך צאָהלען, ס'איז דאָך לחלוטין ניט קיין גמרא... אַז איך וואָלט ניט געהאַלטען דאָס קלייטעל מיט אַביסעל צוקער, צימרינג, עסיג, גאַז, וואס האט זיך געציקעט, וואלט איך מיט די קינדער געהאט א שיין פנים. א שאַפֿקעלע איז ביי מיר אויך געווען אין קלייט פון צעלניק; קנעפליך, באַנוויליך, נאָדלען. אַ דאָס שאַפֿקעלע האָט מיך אָבגעקאָסט א האַלב לעבען. וואָרום אַלע מאָל איז קיין סחורה ניט דערסטאַייעט. און די גרויסע קרעמער האָבען א טבע, אַז זיי ווילען ניט געבען סחורה אָהן געלד און אַז איך שווער מיך צעהן מאָל אָב, אַז איך וועל זיי בעצאָהלען, אַז איך וועל לייזען, איז ביי זיי מיין וואָרט אַזוי פֿיעל ווערט ווי די בלאָטע. און אויף דער אמת'ן, שענקען וויל קיינער ניט, אָבער זי, די קליפה מיינע, איך זאָג אייך, אַז ס'איז געקומען אַ סמאַרקאַטע מיידעל און האָט געוואָלט האָבען דריי העקעליך און ס'איז אויף להכעים ניט געווען, האָב איך מיך נעמעגט געזעגענען מיט'ן לעבען. אַ פיסק מיט טויזענד קללות. מילא שעלט און פערברען דיר די ליפען שעלטענ'דיג, אָבער געה אין קלייט אַריין, פעריל. ניין! זאָל בתיה געהן, בתיה הייסט די עלטערע מיינע און דווקא ניט די מאוסה, מילא אַז זי זיצט אַליין אין קלייט, קומט אַריין אַ ציקאַווער יונג, כלומר'שט עפּיס קויפֿען און אויפ'ן מאָרגענ'דיגען טאָג קומט ער נאָכאַמאָל. אַז אין קלייט איז בעשטענדיג די טיר אָפֿען און איטליכער קען קומען. טראַכט מען זיך, וואָס, מ'וועט זי אויסחאַפען? איז זי עפּיס אַ בייגעלע, וואָס מ'לעגט דאָס אַריין אין קעשעניע אַריין. אָבער היינטיגע יאָהרען, איהר פֿערשטעהט"?

„אַז זי זיצט אין דער היים און איז פֿערחושכט און מוז שאָבען און וואַשען האט זי אַוודאי ניט אין זין קיין פיסטע זאַכען. זיצענדיג אין קלייט אָבער, איבערגעטהון, קומט אַריין דער פיסטאָפאַסניק, קויפֿט זיך אַנ'אַכטעל טיטין, דרעהט אַ ציגאַר און זאָגט: האָט איה־ אַ שוועבעלע, באַרישנע! אָט אַזוי שמיעסען זיי ביי אונז מיט איינאַנדער דער נייער דור. איהר וועט עס קוים גלויבען, ביי אונז אין שטאָט רוקאמעט מען זיך שוין. אפילו דעם רב'ס שניר איז זיך אַ גאַנצע וואוילע. יאָ יודען זענען אויף אַ שיינעם שטייגער. דער רבונו של עולם האָט גענוג צו זינגען און צו זאָגען".

„האָט ניט קיין פֿעריבל, רב יוס'ל! איך וויל מיך אַ ביסעל אַנידערזעטצען. מ'זאָל ניט זינדיגען מיט די רייד. איך הוסט שוין נייַן יאָהר. מיינע, די הילטייקע, האָט מיך עפּיס אין זין? קאָכט זי מיר אַ גלעזעל וואַרמעס צו דער צייט? איהר ווילט אַוודאי וויסען, וואָס ס'געווען דער סוף פֿון דער מעשה. וואָס זאָל איך פֿאַר אייך לייקענען? אין שטאָדט האָט מען אָנגעהויבן צו רעדען... מיינע אויגען האָבען אַליין געזעהען, זיי ביידע, זיך שושקען. האָב איך זי אַ פֿרעג געטהון, וואָס האָסט דו דיך מיט אַזוינעם צו שושקען? איז פֿון איהר ניט אַרויס צו קריגען אַוואָרט, הייב איך מיך אָן צו בייזערן, הייבט זי זיך אויף און שטעהט אויף פֿונ'ם טיש. געה איך איהר נאָך און זאָג

איהר: בתיה זאָג, וואָס האָסט דו מיט איהם, לאָז מיך הערען, שטעלט זי זיך אַנידער לעבען פֿענסטער און הייבט אָן צו וויינען. אַ קלאָג אויף מיינע יאָהר. און די מוטער, אַזא מרשעת, איז אויף איהר זייט און הייבט מיך אָן צו שעלטען און ערשט נעכטען האָט זי מיר אויף געגעסען די גאַל. ווארום איך שווייג. גאָר ניט — אַ פֿאָטער זעהט אַ טאָכטער ווערט צולאָזען און ער שווייגט. — אָבער וואָס וועט מיר העלפֿען? האָב איך געהאַט אַ גוטען פֿריינד, בין איך אַריבער געגאַנגען צו איהם און געפֿ־עגט שטילערהייט אַ עצה וואָס טהוט מען? זאָגט ער: טוה אַ שידוך מיט איהר און גיעב איהר אַ מאַן מיט ברויט, וועט זי ניט אין זין האָבען קיין פּיסטע זאַכען. יאָ ס׳איז גרינג אַזוינס צו זאָגען, גיב איך זי איינמאָל ווידער אַ פּרעג — פּלאַצט זי אויס: זי וויל דעם משרת יונג, האָטש געה שריי חי וקים און לעג איין די וועלט״.

„איך פרעג אייך אַליין — פּאַסט עס עפּיס פֿאַ־מיר, אַז אין מיין שטוב זאָל מען שפּיעלען ליעבעס? יאָ, אזוי זאָגען זיי, הייסט דאָס, ווער ס׳האָט דאס אויסגעטראַכט מיט די אַלע מעשיות, זאָל איהם קיין גוטער יאָהר ניט קענען״.

„איך וויל אייך דערצעהלען בקיצור. מיין ווייב האָט גע׳חלש׳ט. איך האָב שיעור פֿערלוירען דעם זין, חאַפּ, לאַפּ! ער נעמט זי ווי זי שטעהט און געהט. אַ חתונה, אויף קיין שום יודען געזאָגט געוואָרען, אַ חופה, מישטיינ׳ס, געזאָגט, און די כלי זמר! עס כלומרט זיך אין האַרצען און אין קאָפּ און אין די קישקעס. דעם רב רופֿט מען אוועק אין אַ זייט. מיר מאַכען אונז אויף דער שטעל בעג־אָבען... נאָך פֿינף חדשים מיט דרייצעהן טעג האָט זי געהאַט אַ יונגעל. איהר קענט אייך דענקען, וואָס מיר האבען געהאַט אויסצושטעהען, גראָ־ און אַלט בין איך געוואָרען. מיט׳ן חדר איז דאָס אויס״.

„איך זאג, רב יוסל, ס׳איז אַ וועלט מיט צרות. דאָס לעבען איז קיין שאָס פולווער ניט ווערט. און דאָס קלייטעל איז פֿון דעמאָלט געעקט... מ׳מיטשעט זיך געגוג. ווילט איהר מיר לייהען פּיפֿציג קאָפּיקעס ביז דאָנערשטיג. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז אייער ווייב איז אַוואַ־שעווער. טאָמער האָט איהר ביי זיך אַ ציגאַר״ ?...

---

# דער יודישער מזל.

פֿון

יעקב וואססערמאַן (וויען).

---

(פֿאָרטזעטצונג).

עס איז אַ תענוג פֿאַר די היסטאָריקער אנצונעמען, אַז דאס וואס די יודען האבען פֿערלוירען זייער לאַנד און האבען אזוי פֿיעל צו ליידען, איז אַ שטראַף פֿאַר אַנ׳אַלטען חטא... דאס איז איין אידעע פֿאַר גימנאַזיאַסטען. אין אפשר מעג איך פֿרעגען: וואו איז די שטראַף פֿון די שפּאַניער פֿאַר דעם אידעלעם גואטעמאָזען פֿון מעכיקא, וואס זיי האָבען איהם געבראַטען לעבענדיגער־הייט, און פֿאַר די אומ־געציילטע קרבנות פֿון דער אינקוויזיציאָן? פֿאַר וואָס איז נישט פֿראַנקרייך בעשטראָפֿט געוואָרען אזוי שווער, וואס זי האט אזוינע צרות אנגעטהון די אלבינגענזער און אזוי פֿיעל אונשולדיגע מענשען אוועקגעקוילעט אין דער באַרטהאָלאָמייאוס־נאַכט? און וועלכעם פֿון די רוצחים האט דער שרעקליכער טויט פֿון יאָהאַן הוס אפילו איין נאַכט נישט געלאָזט שלאָפֿען? אָט דאס זיינען געווען די פּרינציפּען, וואס מען האט צוֹ זיי ראיות געבריינגט פֿון דער נייער לעהרע, דאס זיינען די מעשים טובים, וואס מען האט זיי געטהון אין איהר נאמען.

דאס אומגליק פֿונם יוד אין די מיטעלאַלטערליכע צייטען איז געווען, וואס ער האט נישט געהאַט״ קיין טאלענט און האט אויך נישט געהאַט נאָך וואָס, זיך צו שמאַד׳ן. דער משומד ביי יודען האט קיין מאָל נישט געוועקסעלט זיין „גלויבען״, ער האָט נור מיט דער שמד געמאַכט אַ געשעפֿט. ווארען אפילו באַלד אין אָנהייב פֿונם קריסטענטהום, וואָס האָט דאָס קריסטענטהום געקאנט געבען אַ יוד, וואָס ער האָט נאָך נישט געהאַט? ער זאָל עס אָננעמען אין דער שיטערער פֿאָ־ם, וואָס די דאַמאָלדיגע גלחים האָבען איהם געגעבען, איז ער געווען צו קלוג. דאָס איז געווען געגוג גוט פֿאַ־ די ווילדע און קינדישע פֿעלקער צווישען דעם רהיין און ווייכסעל. די ריינע פֿאָרם דערפֿון האָט דאָך דער יוד געהאַט אין זיין אייגענע רעליגיאָן, וואָס דאָס קריסטענטהום איז ערשט דערויס ארויסגעוואַקסען. די יודען האָט זיך גאָר געדאַכט, אַז זייער אידעע פֿון משיח׳ן איז גרעסער, גייסטיגער און האָט מעהר השגה ווי די קריסטליכע. דער אויסלייזער, וואָס וועט אַמאָל קומען איז מעהר ווי דער, וואָס איז שוין געוועזען. ערשט ווי די אידישע צרות האָבען זיך שוין אזוי פֿערמעהרט, אַז עס איזט שוין נישט געווען צום אויסהאַלטען, האָבען די יודען אין מיטען פֿינם זיבעצעהנטען יאַהרהונדערט אָנגעהויבען זיך צו געוועהנען גלויבען, אַז משיח וועט זיין אַ לייבליכע געשטאַלט: דאָס איז נישט געווען קיין פֿריי־דיגע ערפֿילונג פֿין זייער האָפֿנונג, נור דאָס (דער גלויבען אן שבתי צבי) איז געווען די לעצטע פֿאָרם פֿון דעם בייזען חלום. וואס דאָס לעבען האט זיי פֿאָרגעשטעלט. נאָך אין דער אלטער פֿאָרם איז די גאנצע אידעע פֿון א משיח אין דאָס בעווייזען זיך פֿון א משיח־אויסלייזער נישט בלויז א ראיה, אז מען האט פֿריהער געליטען א גרויס אומגליק, נור דאס גרעסטע מאס פֿון עלענדקייט קאָן אוים דעם פֿאָלקסגייסט אויספּרעסען אַזאַ בילד, וואָס זאָל כח האבען צו טרייסטען א־ום אין אַרום. וואָס האבען די יודען פֿון דעם רעמישען רייך געקאנט אנהייבען מיט דער נייער בשו־ה פֿין אַגייס־טיגע אויסלייזונג? און ווער שמיעסט די שפּעטערע יודען, וואָס האָבען דערלעבט, אַז דאס וואָרט „קריסטליכע ליעבע״ איז געוואָרען אויף דער צינג פֿון בייזע גלחים צו אַבלויסע פֿראַזע, וואָס קען קיינעם נישט אָבנאַרען? דער יוד האָט פֿאַר זיך געהאַט א פֿערגאַנגענהייט פֿון אַ טיעפֿסטעם רעליגיאָזען געוודער, פֿון האַראַקטעריסטישע סאָציאַלע מלחמות. ער האָט זיך מיט גאָט גאָר אַנדערש געלעבט ווי די פֿעלקער פֿון מערב־זייט, וואס ציטערן אין זייער מיסטישע פֿרומיגקייט. ביים יוד איז דער הימעל מיט דער ערד פֿערבונדען מיט אַ באַנד פֿון משפחה. אז דאס באַנד זאָל בלייבען הייליג, גיט שוין אַכטונג דער אַלטער פּאַטיארכען־גאָט, וואס בלייבט אין צאָרען און אין דער ליעבע דער אייגענער טאַטע. אָהן דעם דאָזיגען שיינעם יחוס וואָלטען די גאָטליכע ספרים פֿון די יודען נישט געוואָרען אין אַזאַ הויכען גראַד ספרים פֿאַר אַללע מענשען און פֿאַר אַלע צייטען. די קירכע און עטליכע הייליגע פּ־נ׳ם פֿיהעם מיטעלאַלטער ווירקען נאָך אין דער דאָזיגער שיינער געזונדער ירושה פֿון די יודען. איך קאָן מיר נישט אַנדערש פֿאָרשטעלען: אַ געשטאַלט ווי מאָ־טין פֿון טור איז ווי אויס דער חברה נביאים פֿונם תנ״ך אַרויסגעשניטען. ערשט ווי די גלחים האָבען זיך אָנגעהויבען צו מישען אין וועלטזאַכען, דעמאָלט האָבען ערשט אָנגעהויבען די מאָ־ניכעס צ־ ווערען לויטער גייסט. ווייל דער יוד האָט זיך נישט אַריין געמישט אין זייערע אינעווייניגסטע מלחמות איז ער געוואָרען דאס אָפּפֿער פֿון ביידע. אין דער זייט איז תמיד געשטאַנען דאס פֿאָלק אַלס תלין, וואָס מען קאָן זיך אויף איהם פֿערלאָזען און זעהר לייכט האָט מען איהם געקאָנט אָנרייצען אויף די יודען.

מען דאַרף נישט פֿערגעסען, אַז דע־ יוד פון דעמאָלט איז געווען אין גאַנצען איין אָריענטאַלער. ער איז געווען שטאָלצער, אבגעשלאָסענער, רוהיגער, און האָט מעהר קוראַשו געהאַט. ער האָט נאָך געהאַט אין זכרון זיין פֿערגאַנגענהייט און איז געשטאַנען אינם לעבען בעוואוסטער און זעלבסט־ערשטענדליכער. די מלחמות וואָס ער האָט געמיזט צו זעהן, זיינען פֿאַר איהם שוין לאַנג פֿאַ־איבער. ער האָט צייט געהאַט צו די אינווייניגסטען וועלט. דער טיפּ־ס פֿון אַזא יוד האָט אין שפּאַניען עקסיסטירט ווען די איבריגע קריסטליכע פֿעלקער האָבען איהם שוין לאַנג פֿערניכטעט. אייראָפּא האָט פֿאַר די רציחה טהייער בעצאַהלט. מען האָט דער יודישען נשמה אנגעלענט אַ גיהנם־פֿייער פֿון טויזענד יאָהר. ווי אַזוי זיי זענען דערפֿון אַרויס־געקומען וועט זיך ווייזען.

אין די לעצטע יאָהרען זענען אויפֿגעשטאַנען מליצי יושר, וואָס האָבען די רציחה געוואָלט ענטשולדיגען, שיין מאַכען די צושטענדע

זיי האָבען ארויסגעפונען, אַז מען האָט די יודען טהייל זאַכען „ערלויבט" און אין זייער עקשנות האָבען זיי דאָס נישט געוואוסט צו שוינען. מעהר ווי איינמאָל האָט דער אָדער יענער גלח, דער אָדער יענער געלעהרענטער זיך אָנגערופען אַ גוט וואָרט פאַר זיי, און עס זענען נאָר געווען מלכים, וואָס האָבען זיך פאַר יודען אָנגענומען, חאָטש דורך די הויכע פּראָצענטען, וואָס די יודען פלעגען נעמען, זענען זיי שוין לאַנג מבוזה געווען ביים פאָלק. ראיות צו דעם זענען נישט טהייער און נישט זעלטען. זיי מאַכען זיך אָבער גאָר נישט ווייסענדיג, אַז די הויכע פּראָצענטע זענען נאָר געווען אַ כלי־זיין, וואָס זיי האָבען זיך דערמיט אין דער נויט געוועהרט און זייערע שטאַרקערע פיינד האָבען דאָסזעלבע כלי־זיין ביי יעדער געלעגענהייט קעגען זיי איבערקעהרט. ביים יוד האָבען זיי פלוצים געפונען, אַז עס ביי איהם נישטאָ קיין מענשליכקייט אין אַ צייט און אין אַ וועלט, וואָס האָט געטריעפט פון אכזריות און די פאַלשקייט איז געווען אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך. און וואָס פאַר אַ פנים האָט דער שוטץ, וואָס טהייל האָבען געש׳טצט די יודען? עס האָט אַמאָל איינער זיין אייזעל אויסגעשטאָכען די אויגען, אָבגעריסען דעם שוואַנץ מיט די אויערען און האָט נאָך געהאַלטען פאַר אַ גוטסקייט, וואָס ער האָט איהם איבערגעלאָזט די פיער פיס. זייט דעם דער יוד איז געקומען אין די מערב־לענדער, שפּיעלט ער די ראָלע פון דעם דאָזיגען אייזעל. ער יאָמערט, ער וויינט — מען מאַכט חוזק אויס איהם; מען וואונדערט זיך: וואָס וויל דאָס אייזעל? עס האָט דאָך זיינע פיער פיס.

איך פיהר דיך דא אין אַ קליין שטעדטיל אין שוואַבען. מען שרייבט דעמאָלט אַ פנים 1510, אַ יוד האָט דעמאָלט אַ גנבה געטהון און מען האָט איהם פערמשפט צו דער תליה. ער מוז נאָך פאַר׳ן טויט זיך שמד׳ן. ער וויל אָבער נישט. האָט מען געבר־ענגט אַ ווילדען קצב־הונד און מען האָט איהם אויפגעהאָנגען צוזאַמען מיט׳ן יוד מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ אויף איין גאַלגען. און בשעת דער ווילדער הונד צעררייסט דעם יודי׳ס אברים אויף שטיקער, מיטשעט זיך אונטען דער לח צו פרעדיגען די הויכע לעהרע פון דער ליעבע....

חאָטש עס שטעהט אַזוי אין דער קראָניק און עס איז נישט עפּיס קיין אויסטערלישע אכזריות, קלינגט דאָס ווי אַ העסליכער חלום, ווי אַ מורא׳דיגער משל.

עס איז נישט נייטיג צו דערמאַהנען אָן די גרויסע צרות, און די רדיפות אונטער די קאַפּעטינגער, ביז צו די שחיטות אַם רהיין; עס איז נישט נייטיג צו דערמאַהנען די טייכען אינשולדיג בלוט; די בעדריקונגען פון די פריצים; די בייזע גזירות פון די שטעדט; די צייכענס, וואָס מען פלעגט יודען צו מאַכען אויף די קליידער, כדי זיי זאָלען זיך שעמען; די בעזונדער גהעטאָס, וואו מען פלעגט די יודען איינצומויערען; די אונזיכערהייט, וואָס אַלץ וואָס זיי האָבען געהאַט איז נישט זייער געווען; מען האָט זיי מבזה געווען מיט דעם וואָס מען האָט זיי פאָרגעשריבען מיט וואָס זיי קענען האַנדלען און מיט וואָס נישט, און אפילו אין די בעסטע צייטען האָבען זיי געלעבט אַ פּאַראַזיטען־לעבען, דאָס הייסט, נאָר פון יענעם. דאָס אַלץ שטעהט אין יעדער היסטאָריע. דריי זאַכען מוזען מיר אָבער בעוואונדערן: ערשטענס די דעמאָנישע קראַפט פון די יודישע טבע אַלץ צו קענען אויסהאַלטען; צווייטען די זעלבסטפערשטענדליכקייט. וואָס אפילו די ליכטיגסטע גייסטער פון די קריסטען האָבען געפונען אין דעם דאָזיגען גורל פון יודען, און דריטענס, וואָס די פאַנטאַזיע פונ׳ם פאָלק איז קיינמאָל נישט בעאונרוהיגט אָדער בעטריבט געוואָרען פון דעם אויף איין אופן מען זאָל עס דערקענען. אין קיין שום אַלטע מעשה געפינט מען נישט קיין טרויערקלאַנג אויף די יודישע צרות, אין קיין שום ליעד געפינט מען נישט, אַז זיי זאָלען געווען מודה זיין, אַז זיי האָבען שלעכט געטהון, אין קיין שום דיכטונג איז נישטאָ קיין בילד דערפון. עס מוז דאָך אַ מאָל אין עפּיס אַ האַ־ץ אַ פונק אריין געפאַלען זיין און נאָך עפּיס אַנדערש בעוועגט האָבען, ווי די גלייכגילטיגע פעדער פונ׳ם קראָניקער. נאָר אַרום די געשטאַלט פון אחשור, דעם „עוויגען יוד", וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון אַ גאַנץ אַנדערער ערד, שפּינט זיך אַרום עפּיס אַ נישט דייטליכע ודוי אויף די שולד.

אָבער וואָס נוטצט, אַז דער רוצח איז מודה, ווען דער מאָרד איז שוין געשעהן? די צרות פון די יודען זייט דער צייט פון קאַרל דעם גרויסען ביז צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן צייגט אונז אַ שרעקליכע רציחה, ווי מען האָט ביסלעכווייז געמאָרדט דעם גייסט מיט דעם האַרץ. דאָס רשעות האָט געהאַט זיינע כללים און זיינע געזעטצע. ווי די רעמישע קירכע האָט זיך אָנגעהויבען אייסצובורייטען, האָט געפונען די יודען, וואָס שטעהען פון דער ווייטענס און קוקען צו ווי ער האַלט מלחמה מיט פעלקער און מלכים, פיר אומבעקוועם, ווייל די יודען ווייסען מעהר פון זיי און שטעהען אויף אַ העכערע מדריגה פון זיי. מען האָט דעריבער די יודען באַלד געמאַכט אַ שלעכטען שם און זיי זייער כבוד אָוועקגערויבט, און דערמיט איז אויך פערשוואונדען די זיכערהייט פון זייער עקסיסטענץ. דער יוד האָט שוין נישט מעהר געהאַט צו שאַפען איבער זיינע אייגענע פרייע קרעפטען, די ערהאַלטונג פון זיין לעבען אַליין האָט שוין בעשעפטיגט זיינע אַלע כחות און גייסט. זיינע געפיהלען האָבען זיך פערדונקעלט, זיין נשמה איז פערדאַרט געוואָרען, אַ שטיינערנע מויער פון שנאה האָט ער געמוזט אויפבויען אַרום זיך. אַז מיר קלערען זיך איבער ווי אויס די דאָזיגע ערנידעריגטע, צעטרעטענע, געשינדענע, געפייניגטע מענשען, וואָס האָבען תמיד געלעבט אין איין פחד, — אַז מען האָט זיי נאָר געלאָזט אָבסאַפען, זענען אויס זי אַרויסגעוואַקסען זשעניען, וואָס האָבען מיט׳ן קראַנקען גוף געזוכט דעם וועג צום מאָרגענרויט פון נייע צייטען, זעהען מיר וויפיעל גייסט און העלדענטהום מען האָט אין די יודען אָבגעהרג׳עט, אַז די גאָטהייט וואָס מען האָט זי געוואָלט דיענען, איז בעליידיגט און געשענדעט געוואָרען אין איהר אינעווייניגסטער אידעע. אינ׳ם אכטצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען נאָך שריפטשטעלער געקאָנט דעם הויכען געדאַנקען, אַז יודען זענען אויך מענשען, מיט אַ התלהבות פון ענטדעקער, מיט׳ן גאַנצען האַרץ אַרויסרעדען. ווען עס איז ערגעץ אין וועלטרוים פאַרהאַן אַ געטליך וועזען, וואָס האָט דאָס שטיל צוגעקוקט, האָט זיין הימעל געמוזט פאַר געלעכטער ציטערן. און דא קאָניץ, פּאָלנאַ, גאַליציען, און נאָך... באמת די מענשען זענען פיינ, פויל, שטומפיגע נארישע בהמות. וואָרען ווען ניט, וואָלט זיך עפּיס מעהר גערודערט אויף דער וועלט נאָך דעם.

דאָס איבריגע מוז מען שווייגען.

(ענדע קומט).

---

# בריעף פון בערלין.

---

## I.

עס איז שוין פערביי 10-11 וואָכען, זייט אין בערלינער אוניווערזיטעט און אין די איבעריגע העכערע לעהר־אַנשטאַלטען האָט זיך אָנגעפאַנגען דער ווינטערסעמעסטער, און פון דעסטיועגען געפינען מיר נאָך טאָג־טעגליך אין קאַנצעליאַריע פון ריכטער און רעקטאָר זעהר פיעל יונגע לייט מיט די „פּאַפּירען" אין די הענד, וועלכע וואַרטען מיט גרויסע אינערליכע ערדעגונג זייער שיקזאַל בנוגע דעם אָנקומען אין וועלכע עס איז העכערע בילדונגס־שולען. דיעזע „פערשפעטיגטע" זענען געוועהנליך פון דער רוסיש־יודישער יוגענד, וועלכע האָט נאָך געהאָפט און געוואַרט די גאַנצע צייט אָנגענומען צו ווערען אין דער היימאַט גופא און איצט, איבערצייגענדיג זיך, דאָס זי האָט ניט בעפרידיגט די פאָדערונגען פון „קאָנקורס" אויף „אַ פערטעל" אָדער אויף אַ גאַנצע „האַלבע" און אַז די פּראָטעקציע איז געבליבען „אָהן אַכטונג" קומט זי „קלאַפּען אין די טיערען" פון די אויסלענדישע אוניווערזיטעטען. מיר דריקען מיט פלייס די ווערטער „קלאַפּען אין די טיערען", ווייל אַלע בעאַמטע פון אוניווערזיטעט פון גרויס ביז קליין בעגעגנען ניט מיט אָפענע הענד די אויסלענדער און זענען איבערהויפט ניט גאַסט־פריינדליך צו „די רוסען", און די יונגע לייט, וועלכע שטרעבען זעהר שטאַרק צו וויסענשאַפט, קומט אויס זיך מבזה צו זיין מיט פערשידענע ביטעס

וועלכע ענדיגען זיך סוף כל סוף מיט גאָר נישט. דער בערלינער אוניווערזיטעט, וועלכער איז לויט די געזעצען פֿון לאַנד, אַפֿרייע זעלבסטשטענדיגע איינריכטונג, וואָס דאַרף נור שטעהען אונטע־ דער השגחה פֿון פראָפֿעסאָרען און איבעריגע געלעהרטע, איז פֿאַקטיש איצט געוואָרען אַנ׳אָבהענגיגע רעגירונגס אַנשטאַלט, וואָס ערפֿילט נור דאָס ווילען פֿון די פּאָליציי־בעאַמטע, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דאָס ברייננט זעהר פֿיעל שאָדען דער פֿ־ייער וויסענשאַפֿט, מיט וועלכער דייטשלאַנד האָט יאָהרען לאַנג שטאָלצירט. אָט זענען מיט צוויי יאָהר צוריק די פראָפֿעסאָרען געווען געצוואונגען אויסצושליסען פֿון זייער „קאָלעגיום״ פריוואַט דאָצענט אַראָנס נור דערפֿאַר, ווייל זיינע סאָציאַליסטיש־ראַדיקאַלע איבערצייגונגען זענען ניט געפֿעלען געווען דעם רייכס־קאַנצלער, גראַף ביולאָוו. איצט איז מען שוין מעהר פֿאָרזיכטיג: מען לאָזט שוין לכתחילה ניט צו קיינעם צו אקאַפֿעדרע, איידער מען איז ניט גוט בודק די נשמה פֿון געלעהרטען. עס פֿערשטעהט זיך, אַז די וויסענשאַפֿט פֿערליהרט זעהר פֿיעל פֿון אַזאַ סאָרט פֿיהרונג. פֿערשיעדענע צווייגען פֿון דער וויסענשאַפֿט און קונסט האָבען ניט זייער פֿערטרעטער אין אוניווערזיטעט נור דעריבער, ווייל דיעזע וועלט אַנשויאונגען און איבערצייגונגען שטימען ניט מיט די אינטערעסען פֿון דער רעגירונג און די העכערע קלאַסען. ווי ווייט דער בערלינער אוניווערזיטעט דינט די אינטערעסען פֿון דער פרייסישער רעאַקציאָן קען מען זעהן פֿון זיין פֿערהאַלטען זיך קעגען דער רוסישער יוגענד. אויב די אָפֿיציעלע קרייזען האָבען זיך איבערהויפט קיין מאָל ניט אויסגעצייכענט מיט זייער גאַסט פֿריינדליכקייט צו דער רוסיש־יודישער יוגענר, האָט, נאָך׳ן בעוואוסטען פֿאַר אַ יאָהריגען פראָטעסט פֿון דער רוסישער קאָלאָניע קעגען דעם מיניסטער ריכטהאָפֿען פֿאַר די אונבעגרינדעטע בעליידיגונג, — גראַף ביולאָוו, ווי עס ווייזט אויס, אין גאַנצען בעשלאָסען „נוקם״ צו זיין זיך אָן די העזה־דיגע „שנאָרער און בעשווערער״. און נוקם זיין זיך אָן דער רוסיש־יודישער יוגענד האָט ביולאָוו געוויזען, אַז ער קען זעהר לייכט. דערצו האָט ער נאָר בעדאַרפֿט אויסדריקען זיין וואונש, מען זאָל בעגרעניצען די אויפֿנאַהמע פֿון רוסישע סטודענטען און סטודענטינען. דעם וואונש האָבען די „נעהאָרכזאַמע פראָפֿעסאָרען גלייך פּינקטליך אָנגעפֿאַנגען צו ערפֿילען. מען נעמט אָן אַלע פּאַסיגע און ניט פּאַסיגע מיטלען, אַבי נאָר פּטור צו ווערען פֿון די אונגעבעטענע געסט. ביי׳ן אָננעהמען פֿאָדערט מען דוקא א פֿולען אַטעסטאַט פֿון גימנאַזיע אָהן פנימות (ביז׳ן פראָטעסט האָט מען אָנגענומען מיט אַ ציינגיס פֿון זעקס קלאַסען פֿון אמיטעל־שול), טאָמער חס וחלילה האָט מען איין אטעסטאַט פֿון ארעאַלשול און דערצו א ציינגיס אויף 8 קלאַסען לאַטייניש — איז שוין פסול און מען קען שוין מיט אַזוינע דאָקומענטען ניט אָנקומען. מען נעמט אַפילו שוין ניט אָן אזעלכע, וועלכע האָבען אין רוסלאַנד שוין גענדיגט אַ העכערע בילדונגס־שולע. קוים קענען זיי ניט צושטעלען איין אטעסטאַט פֿון גימנאזיע. די, וועלכע האָבען שוין אַלע נויטיגע דאָקומענטען, ווערען אויך נאָך ניט גלייך אָנגענומען, מען הייסט ערשט קומען אויף אַ ענטפֿער אין צעהן טאָג ארום, דער ווייל מאַכט מען פּאָליציי־ספּראַווקעס וועגען די אויפֿפֿיהרונג פֿון יונגען־מאַן, אפשר איז ער חס וחלילה אין וואָס ס׳איז נכשל געוואָרען... פֿרויען ווידער קענען נור אָנגענומען ווערען, ווען זיי שטעלען צו, אויסער איין אטעסטאַט פֿון גומנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאל, אויך א ציינגיס אויף אַכט קלאַסען לאטייניש. דער היי־יעהריגער רעקטאָר (דער בעריהמטער היסטאָלאָג פראָפֿעסאָר הערטוויג) איז אפילו אַ גאַנץ וויכער מענש, אָבער מען האָט איהם אַרום גערינגעלט מיט אַ גאַנצער באַנדע יוצר משרתים ואישר משרתים, וועלכע לאָזען אויף קיינפֿאַל ניט צו צו איהם. מען שיקט פֿריהער צום „ריכטער״, וועלכער האָט די פֿעהיגקייט צו געפֿינען פֿון אונטער דער ערד אורזאכען ניט אנצונעמען, אויסער דעם איז ער, דער ריכטער, בכלל א גרויסער אַנטיסעמיט און איז, פֿערשטעהט זיך, א גרויסער מחמיר בנוגע די יודען.

די דייטשע סטודענטען פֿון די רעאקציאָנע־קלאַסען, זעהענדיג, ווי די בעאַמטע און די פראָפֿעסאָרען פֿערהאלטען זיך צו דער רוסיש־יודישער יוגענד, ערלויבען זיך שוין אָפֿען, אונפֿערשטעלט אַ ריויסציווייזען זייערע אנטיסעמיטישע ליידענשאַפֿטען. אַלס איין אליוסטראַציע וועל איך ברענגען איין עפּיזאָד, וועלכע כאראקטעריזירט די לאַגע פֿון די יודישע סטודענטען אין דייטשלאַנד. דאָס איז געווען ניט לאַנג אין דעצעמבער מאָנאַט. פֿאַר דער פֿאָרלעזונג אין לאַנד־ווירטשאַפֿטליכע האָכשולע האָט איינער, אַ דייטשער סטודענט, אויסגערופֿען די פֿאַמיליע פֿון אַ יודישען סטודענטען „לעווי״ איבערצוגעבען איהם דאָס סטודענטען־ביכל. דערהערענדיג די יודישע פֿאַמיליע, האָט דאָס רוב סטודענטען, וועלכע איז געזעסען אין א אודיטאָריע, אויסגעפּלאַצט מיט א משונה־ווילדען געלעכטער, אויף וועלכען די איבעריגע סטודענטען האָבען געענטפֿערט מיט׳ן פֿיס־קלאַפּען (דאָס איז אַ מין בראַוואָ־פּאַטשען) צו ווייזען, דאָס זיי זענען מסכים מיט די ערשטע. און א זעלכע זאכען ערלויבען זיך די דייטשע סטודענטען זעהר אָפֿט אפילו אין דער געגענוואַרט פֿון די פּראָפֿעסאָרען! און די גרייז־גרויע געלעהרטע געפֿינען אפילו ניט פֿיר נויטיג צו מאכען א בעמערקונג זייערע צו הערער. ווי עס ווייזט אוים זענען די געעהרטע פּ־אָפֿעסאָרען ניט ווייטער געשריטען אין דיעזער הינזיכט פֿון זייערע רעאקציאָנע תלמידים!

אזעלכע פֿערשיעדענע גייסטיגע ליידען קומט אויס אריבערצוטראָגען דער רוסיש־יודישער יוגענד ביי׳ן אָנקומען און אפילו אין דער צייט פֿין איהר זיין אין אוניווערזיטעט!

און די עפֿענטליכע דייטשע מיינונג? זי שווייגט! נור די איינציגע ראדיקאלע צייטונג „פֿאָרווערטס״ האט קיין אָבשיי ניט און ווייזט אַל׳ץ ארויף אויפֿ׳ן טעלער. דאָס איז די זעלבע צייטונג, וועלכע האָט ענערגיש ארוים געטרעטען אין אגאנצער רייהע ארטיקלען מיט א שטארקען פּראָטעסט קעגען די אונווירדיגע אַכזריות׳דיגע בעהאנדלונגען מיט די אונגליקליכע עמיגראנטען, וועלכע די פּרייסישע פּאָליציי און די אגענטען פֿין די האמבורג־אמעריקא־ליניע האָבען זיך ערלויבט — דאָס איז פֿאָרלייפֿיג די איינציגע שטימע, וואָס איז קיינעם ניט נושא פנים און טרעט א־ויס קעגען יעדער אונרעכט, אין וואָס פֿאַר א פֿארמע דאָס זאָל ניט פֿאָרקומען.

א. ז.

---

# בריעף פון קראקא.

I.

אַלע שוסטער געהען באָרוויס, און קראקוי, וואו עס האָט זיך געדרוקט דער „יוד״ עליו השלום, „די פֿאָלקס צייטונג״ עליה השלום; אין קראקא, וואו עס זענען ערשיענען שלום־עליכם׳ס ווערק, אין קראקא, וואו עס דרוקען זיך אין פֿישער׳ס און אַנדערע דרוקען יעהרליך הונדערטער יודישע ווערק, — אָט אין דעם קראקאָ הייבט מען אפֿילו ניט אָן צו וויסען, אַז עס איז דאָ אַ יודישע ליטעראַטור. אָט אין דעם קראקא, וואו עס וואָהנען 30 טויזענד יודען און כמעט אַלע רעדען יודיש וועט איהר נעפֿינען אַלע פּוילישע און דייטשע צייטונגען, און אַ יודיש בלאַט אַפֿילו אויף אַ רפואה ניט. ווי זאָל מען אַזא פֿאַקט אָנרופֿען? טרויעריג? ניין עס איז צו ווייניג — אויב איהר ווילט וויסען דעם ריכטיגען נאָמען וועט עס הייסען „לעכערליך״ יאָ, עס איז לעכערליך צו איגנאָרירען א שפּראַך, אויף וועלכע מען רעדט אַליין; עס איז לעכערליך צו פֿערלייקענען, זיך ענטזאַגען פֿון א פֿערמעגען, פֿערהאָרעוועט מיט בלוט...

און וואו קומט עס פֿאַר? טאַקע ביי׳ם עם חכם ונבון, ביי די קראקויער יודען, וואָס זענען אייגענטליך טייערע יודען, האַלטען פֿון יודישקייט פֿייער און פֿלאַם.

און אפשר מיינט איהר, אַז די קראַקויער יודען האָבען עפּיס צו דער יודישער שפּראַך טענות, ווי: עס איז קיין שפּראַך ניט, האָט ניט קיין גראַמאַטיק, עס איז אַ זשארגאָן, אַ פֿערדאָרבען דייטש? חלילה! פֿרעגט אַ קראַקויער יודען בחרם, וואָס בעדייטען אַזוינע טענות! לשון־קדש איז דאָך שוין געווים אַ שפּראַך און פֿרעגט, צו זעהט איהר אָן דאָ ערגיץ אַ לשון־קדש בלאַט, סיידען אין לעזע זאָל „עזרה״? דער „המצפה״, דאָס איינציגע וועכענטליכע בלאַט, וואָס דרוקט זיך אין קראַקוי פֿיר גאַנץ גאַליציען געפֿינט איהר נאָר אין איין יודישען קאַפֿעהויז און דאָס האַלט מען איהם אויך

אודאי מעהר צו ליעב מצוה, אלס צו ליעב די יודען, וואס בעזוכען די קאפע. און ווער ווייסט נאך וואס פאר א פראצענט דער הערויסגעבער לאזט אראפ פון מקח, און ווער ווייסט נאך אנדערע סודות? ווארים עס איז שווער צוגלויבען, אז אין א קראקויער קאפעהויז, וואו די אלע געסט זענען יודען, זאל זיך א יודישע צייטונג געפינען...

און דאך — — — מיר מוזען דריי פאוזען שטעלען — געפינען זיך אין קראקוי אייניגע, וואס ווייסען יא, אז די יודישע שפראך איז א שפראך. אידר ליטעראטור איז א ליטעראטור און איהרע שריפטשטעלער זענען ניט קיין בערען און ניט קיין פיפערנאטערס, נאר טאקע שריפטשטעלער... און דאבען זיך בעשלאסען צו בעווייזען עס אויך די איבריגע קראקויער יודען, וועלכע האבען ליידער ביז אהער אליין עס גיט געוואוסט.

די איניציאטיווע דערצו האבען געגעבען אייניגע מיטגליעדער פון דעם יודישען ארבייטער פעראיין „חרות". בעקענענדיג זיך מיט דעם האראקטער פון די יודישע אבענדען אין וויען דאבען זיי זיך ענערגיש גענומען צו גרינדען אזעלכע אבענדען אויך אין קראקוי. אויב וויען, וואו די יודישע קהילה האט שוין באלד איהר יודישען גייסט פערלאהרען אינטערעסירט זיך נאך מיט יודישער ליטעראטור, פאר וואס זאל קראקוי, איין עכטע יודישע קהילה, זיך ניט אינטערעסירען?

און ווירקליך האט דער ערשטער יודישער אבענד אין קראקוי, וואס האט שטאט געפינען דעם 1 יאנ. אין לאקאל „השחר" געראט איין אונערווארטעטען ערפאלג ביי א זעהר גרויסען פובליקום. און דער ערפאלג איז כשר פערדיענט. די גלענצענדע רעדע און יודיש איבער „זשארגאן", פון ד״ר וואשיטץ, וועלכער בעטראכטעט אידם, ווי אלע איבריגע מאדערנע יודען אהן פערשימעלטע פאראורטהיילען, פיר די יודישע שפראך, איז שוין אליין אין שטאנד געוועזן צו אבקויפען אלע צוהערער. דער צו האט נאך דער בערירמטער מאהלער אברהם ניימאן פארגעלעזען פרצ׳עס הויכקינסטלערישע פאנטאזיע: א גלגול פון א ניגון, וואס האט דאס פובליקום ווי בעצויבערט, און פון שלום אש, „יונג בילדער"; ה. מ. עהרליך האט פארגעלעזען זיין שענע סקיצצע „אין איין סוכה" און פון שלום-עליכם אייניגע הומארעסקען, וואס האבען ארוים גערופען — איבערהויפט די לעצטע — א געוואלדיגען בייפאל און גרויסע ענטציקונג. א. רייזען האט פארגעלעזען אייניגע קליינע געדיכטע, פאר וועלכע דאס פובליקום האט איהם אויך זעהר וואהרעם אפלאדירט.

עס פערשטעהט זיך, אז דער איינציגער ליטעראַרישער אבענד איז נאך ניט אין שטאנד צו צוציהען די קראקויער יודען צו דער יודישער ליטעראטור. דאס וואס עס איז פערנאכלעסיגט געווארען דורך לאנגע יאהרען, — קען מען עס מיט איין אבענד ניט פערריכטען; מען מוז נאך לאנג ארבייטען ביז דאס יודישע פאלק בכלל און קראקויער יודען בפרט וועלע בעגרייפען דעם פשוט׳ן אמת, אז אזוי ווי עס איז ניט קלוג צו זיין איבערגעגעבען נאר דער יודישער ליטעראטור אליין, און ניט וועלען וויסען פון אנדערע ליטעראטורען, אזוי איז נאך פיעל נארישער צו הייסען יודען, ליידען ווי יודען, האפען ווי יודען, און די יודישע ליטעראטור, דער פונדאמענט פון יודענטהום, גיט וועלען וויסען און קענען...

א. ק.

---

# ביבליאגראפיע.

---

### ד״ר בנימין טהעאדאר הערצל.

זיין לעבען און זיינע מעשים פאר׳ן יודישען פאלק. פון אליהו בן-ברכאל.

פערלאג. פאלקסבילדונג". וויען.

זעהר א שווערען איינדרוק האט געמאכט אויף א גרויסע טהייל פונ׳ם יודישען פאלק דער טויט פון ד״ר הערצל. נאר נאך שווערער איז געוועזן דער איינדרוק, ווערענדיג ווי אזוי קליינע ווערימליך האבען גלייך געוואלט דאבען א יניקה פון דעם נאר וואס געשטארבענעם לייב. דער לייב האט נאך ניט צייט געהאט צומאכען די אויגען און צעהנדליגער מחברים און הערויסגעבער האבען שוין געמאלדען אין די בלעטער, אז עס איז שוין ארוים פון דרוק הערציל׳ס ביאגראפיע. אין די אלע מודעות האט מען לייכט געפיהלט, אז יעדער זוכט דא די פאר גראשען און עס איז געוועזן א שאנד פאר דאס גאנצע יודישע פאלק. עס פערשטעהט זיך, אז די אללע בראשורען, וואס זענען געמאכט געווארען „נא פאטשעקאניע" האבע ניט געהאט און ניט געקענט האבען קיין שום ליטעראַרישען ווערט. צו געבען א בילד פון אזא גרויסען מאן, ווי ד״ר הערציל איז, מוז מען לאנג פארשען, זיך גוט בעקענען מיט זיין גייסט. מיט זיין אנשויאונג, מיט זיין לעבען און דאס אללעס קען מען אין א טאג נישט מאכען. חוץ דעם מוז מען האבע דערצו פעהיגקייט, איך רייד שוין ניט, פון טאלאנט. די אלע בעדינגונגען האבען געפעהלט אין די ביז אהער ערשינענע ביאגראפיען פון ד״ר הערציל.

פערלאג פאלקסביבליאטעק אין וויען, ווייזט אוים, האט ניט געהאט אין זינן קיין געשעפט. ער האט זיך ניט בענוצט מיט דעם שפריכווארט: שמיד דאס אייזען, ביז וואנען עס איז נאך הייס, און ד״ר הערציל׳ס ביאגראפיע איז דארט ערשט די טעג ערשינען.

עס איז טאקי קענטיג, אז דער ביאגראף, אליהו בן-ברכאל, האט עהרליך ערפילט זיין אויפגאבע. אין א בראשורע פון 60 זייטען האט ער אלץ געזאגט, וואס ער, אלס איבערצייגטער ציוניסט, האט געקענט זאגע איבער ד״ר הערציל. און געזאגט האט ער שיין, ליטעראריש און געשמאקפאלל. עס פערשטעהט זיך אז מיר קענען ניט זיין איינפערשטאנדען מיט פיעלע בעלייכטונגען און פירושים, וואס דער געעהרטער ביאגראף האט צו מאנכע פונקטען געגעבען, צו דער ביאגראפיע זעלבסט האט עס אבער ניט.ן פיר איין איבערצייגטען ציוניסט איז שווער צו זיין אביעקטיוו. נאר וועגע דעם וועלען מיר ריידען איין אנדערס׳מאל. אין אונזער קורצע ביבליאגראפיע האבען מיר נאר די מעגליכקייט צו זאגען, אז ד״ר הערציל׳ס ביאגראפיע פון אליהו בן-ברכאל איז די איינציגע, וואס פערדיענט איהר נאמען און די איינציגע וועלכע מיר קענען רעקאממאנדירען יעדער יודען, אפילו ניט קיין ציוניסט, וואס וויל זיך בעקענען מיט ד״ר הערציל׳ס פערזענליכקייט און ארבייטען.

בן-קלמן.

---

# ליטעראטור און קונסט.

שבת דעם 14-טען יאנואר וועט אויפגעפיהרט ווערען אין קראקויער יודישען טעאטער די דראממע „געטטא" פון הערמאן הייערמאנס אין דער יודישער איבערזעצונג. די שוישפיעלער וועלען זיין די אינטעללעגענטע יודישע ארבייטער פון נייעם פעראיין „בילדונג", וואס זייער ציעל איז צו פערפיינערען דאס געשמאק פון דאס יודישע פובליקום, אויפפיהרענדיג אנשטאט די אלטע נארישע אפערעטען פון לאטיינער עט קאמפ., שיינע און אינהאלטספאלע שטיקער. וועגען דיעזען וויכטיגען נייעם פעראיין און די שוישפיעלער וועלען מיר א צווייטענמאל ברייטער ריידען.



Verantwortlicher Redacteur M. Fischer, Herausgeber A. Reisen. — Druck von Josef Fischer. Krakau.



עס ווערען אנגענומען אבאנענטען פיר יאהר 1905 אויף

### דאס

# יודישעווארט.

בעטראכטענדיג די שפראך, וועלכע דאס יודישע פאלק רעדט שון זייט הונדערטער יאהרען, אלס א טאג-שפראך, האבען די ביזהעריגע ערוויסגעבער פון יודישע צייטשריפטען געקוקט אויף איהר ליטעראטור, ווי נאר אויף א מיטטעל צו מאנכע צוועקען, העכטענס צו אויפהייבען דורך איהר די מאססע צו א געוויססער שטופע פון בילדונג מיט דעם געדאנק, אז ווען די מאססע וועט שוין ערייכען די געווינשטע שטופע, זאל זי איהר וייטערע ענטוויקלונג און בילדונג זוכען אין איין אנדערער, פרעמדער שפראך און ליטעראטור. די יודישע ליטעראטור אלס ציעל אן און פיר זיך, האבען די דאזיגע ערוויסגעבער קיינמאל ניט בעטראכט. ניט דא איז דאס ארט צו ערקלערען די אורזאכען פון אזא אונבעגרינדליכער בעטראכטונג. מיר ווילען נאר זאגען, אז מיט אזא מין בליק, האבען די ערוויסגעבער פון די יודישע צייטשריפטען קיין ליטעראטור אין פוללען זינען פונ'ם ווארט ניט געקענט און ניט געוואלט שאפען.

## דאס יודישע ווארט

איז די ערשטע צייטשריפט, וואס זאגט ארויס אפען איהר פעסטע איבערצייגונג, אז די שפראך, וואס האט געהייסען ביי די פריהערדיגע און ביי מאנכע יעצטיגע ערוויסגעבער זשארגאן, — **זי איז די יודישע נאציאנאלע שפראך** און איהר ליטעראטור בעטראכט זי ניט אלס מיטטעל, נאר אלס ציעל אן און פיר זיך.

מיט אזא מיינונג, וואס איז דורכגעפיהלט און אויפריכטיג, אהן קיין שום וואקלרייען, וועט „דאס יודישע ווארט" קענען זיין דרייסט, שיין, עהרליך און ערנסט, אהן וואס א ליטעראטור קען קיין קיום ניט האבען.

בעטראכענדיג **די יודישע שפראך אלס נאציאנאל־שפראך**, וועט **„דאס יודישע ווארט"** זיין בעשטימט ניט נאר פאר א בעוואוסטען טהייל פון פאלק, נור פיר דאס גאנצע יודישע פאלק, וואס רעדט און פערשטעהט יודיש.

דעריבער וועט „דאס יודישע ווארט" ניט בעגרענצען זיך, ווי די ביזהעריגע צייטשריפטען, נאר מיט אזוינע ארטיקלען, וואס האבען איין אינטערעס פיר ווייניג ענטוויקעלטע לעזער.

# אין דאס יודישע ווארט

וועלען קומען אויך ארטיקלען מיט אזוינע פּראבלעמען און פראגען, וואס אינטערעסירען און לאזען ניט רוהען דעם יודישע אינטעלליגענט, אלס מענש, וועלכער זוכט ליידער אזעלכעס נאָר אין פֿרעמדע ליטעראַטורען און ערווייטערט זיך אויף אזא אופֿן פֿון זיין אייגענער ליטעראַטור און פֿאלק.

זייענדיג פֿון דער מיינונג, אז יעדעס פֿאלק, ווי רייך עס זאל ניט זיין אין גייסטיגע קרעפֿטען, מוז בלייבען שטעהן אויף איין ארט אדער צוריקגעהן, ווען עס פֿערשליעסט זיך און לעבט אבגעזונדערט אין איהר אייגענער וועלט, וועט

## דאס יודישע ווארט

יך אינטערעסירען מיט יענע פּראגרעסיווע שטרעמונגען און שטרעבונגען, וואס האבען ניט נאָר איין יודישען נאָר אויך אנ׳אללגעמיינעם האראַקטער. אין „דאס יודישע ווארט״ וועט דער לעזער אימער געפֿינען דאס לעצטע ווארט פֿון דער געבילדעטער און פֿארשריטליכער וועלט.

בעטראכטענדיג די יודישע פֿרוי, אלס גרויסע מאראלישע קראפט אין דעם מאדערנעם יודענטהום, וועט **„דאס יודישע ווארט״** פיעל פלאץ שענקען פיר ארטיקלען, וואס וועלען די יודישע פֿרוי בעלעהרען, בעפֿרייען און בעוואוסט מאכען. דרין וועלען נעמען אויך אייגטהייל פיעל בעגאבטע יודישע און אללגעמיינע שריפֿטשטעללער-פֿרויען.

**דאס יודישע ווארט** וועט זיין די נייע צייטשריפֿט, אויף וועלכער די וואהרע פריינד פֿון דער יודישער ליטעראטור האָבען געווארט און געבעטען. מיר האָפֿען, אז די דאזיגע פֿריינד וועלען פֿערשטעהן זייערע פֿפֿליכטען און וועלען זיי לויט מעגליכקייט ערפֿיללען.

די נאהענטסטע מיטארבייטער פֿון דאס יודישע ווארט זענען:

### שלום אש, בעל-מחשבות, ה. ד. נאמבערג, א. קאראלניק.







### פרייז פיר רוסלאנד:

| | | |
|---|---|---|
| יעהרליך | 3.50 | רוב. |
| האלביעהרליך | 1.75 | " |
| פֿיערטעליעהרליך | 90 | " |
| מאָנאַטליך | 30 | " |
| איינצלנע נומער | 8 | קאפ. |

### פרייז פיר עסטרייך:

| | | |
|---|---|---|
| יעהרליך | 8 | קראָנען |
| האלביעהרליך | 4 | " |
| פֿיערטעליעהרליך | 2 | " |
| מאנאטליך | 70 | העלער |
| איינצעלנע נומער | 20 | " |



אין די איבריגע לענדער לויט קורס.

הויפּט אגענטור פֿיר גאנץ רוסלאנד:

**Я. Лидскій. Книгоиздательство „ПРОГРЕСЪ“ Варшава, Налевки 32**

פֿיר גאַנץ עסטרייך דייטשלאנד, ענגלאנד און אמעריקא:

**Abraham Reisen, Red. und Admin. Das „Jüdische Wort“ Krakau Alte-Weichselgasse 27.**

